ז. ליבין

# אַ חלום פון אַ מיידעלע

אדרעס:
פארלאג א. גיטלין, ווארשע
נאלעווקי, קראמי-נאלעווקאווסקע 1

Księgarnia i Wydawnictwo
E. GITLINA, WARSZAWA
Nalewki, Kramy-Nalewkowskie 1.

ל. מלאך.

# אַ חָלוֹם פון אַ מיידעלע.

אילוסטרירטע קינדער־ביבליאָטעק.

---

פאַרלאַג א. גיטלין

1921 וואַרשע

## חלום פֿון אַ מיידעלע.

ס'טראָגט זיך אַ ווידער=קול, פון שטאָט זיך
און אַ שאַרפער עכאָ פאַלט,
זיסעלע פאַרבלאָנדזשעט האָט זיך,
איינע, טיף געדיכט אין וואַלד.

נור דאָס וויינען איז בְּחִנָם,
קיינער רופט זיך איר נישט אָפּ,
זעצט זי זיך אין גראָז, אין גרינעם,
טרערן קאַפּען איר אַראָפּ.

און פון וויינען איז דאָס נעזל,
נעבאַך איר געוואָרן בלאַס.
אויסגעווייקט איז יעדעס גרעזל,
איר אַרום, אַ וואַסער=נאַס.

און פון הינטער אירע ברעמען,
אַזש געשוואָלן איז און רויט,
און ביי וועמען וועט זי נעמען,
דאָ אין וואַלד, אַ שטיקל ברויט?

זי דערמאָנט זיך, ווי די מאַמע
ווכט אַרום איר מיט געוויין,
אויסגעווען די שטאָט, מסתמא,
און זי זיצט אין וואַלד אַליין.

און די זון, אין פורפור בליצן,
נייגט שוין פון דער ווייט איר קאָפּ
און צעברענט די בוימער־שפּיצן
און פאַרשווינדט אין טאָל אַראָפּ.

פלוצלונג הערט זי, עפּעס גלאָקן,
קלינגען אָפּ אין טיפן וואַלד,
ווערט דאַן זיסעלע דערשראָקן
און אַ פּחד איר באַפאַלט.

אפשר איז אין וואלד א ד
דא אזא, א גייסטער־שלאס,
באטש עס האט, די מאכ
נישט געהייסן גלייבן די

פאלט דערווייל דער חושך שנעלער
און איר שרעקט דער וואלד, ביינאכט,
און די גלאקן קלינגען העלער,
פון א וויטער, פרעמדער, מאכט.

און עס שוידערט איוף מיט אימה,
ציטערדיג איר קליינער גוף,
דורך די בלעטער, די געהיימע,
טראגט זיך הארט צו איר א רוף.

אין דעם זעט זי: פון דערווייטן,
פאקלען ברענענדיקע פיל,
און אין שיין, באצויבערט רייטן,
מחנותווייז, קארליקעס שטיל.

ציען נענטער זיך און נענטער,
פענער פלאַטערן אין הויך,
און דער וואַלד, אַ רויט צוברענטער,
אַ פאַרהאָלקענטער אין רויך.

פייקן הערן זיך אין טענער,
פון מוזיק פאַרבשופּט זיס,
ס'שטייט פאַר איר אַ גרופּע מענער,
גראָבע קעפּ און קליינע פיס.

בייכלעך קיילעכדיג און דינע,
לאַנגע, גראָע, ברייטע בערד,
וועלכע פלאָנטערן משוגה
ביי די טריט זיך אויף דער ערד.

רויטע מיצן, ווי די טערקן,
שיך און זאָקן ביז די לענד.
אַז ווי ויסעלען באַמערקן,
פּאַטשן ויי זיך אין די הענט.

נעמען זיי זיך אָן און טאַנצן
רונד אַ ראָד פאַר איר אַרום,
ס'הויבן פיס, די אויגן גלאַנצן,
און זי שטייט פאַרגליווערט שטום.

טראַלאַ—לאַ—לאַ, אַ גדולה,
טראַלאַ—לאַ—לאַ — זינגט אַ ליד,
און דער שטומער וואַלד אַפילו
זינגט און פרייט זיך מיט זיי מיט.

נאָכדעם האָבן זיי געלאָזן
אין אַ צוג זיך ווייט און לאַנג,
אויפגעכאַפּט זיך האָבן האָזן
און די פייגל מיט געזאַנג.

וועווערקעס פון צווייגן האָבן
שנעלער זיך געלאָזט אַראָפּ,
און די קרעט האָט אויסגעגראָבן
פון דער ערד איר קאָפּ

אַלץ אַרום איז מונטער פריילעך,
און אַלץ הוליעט אין גאַלאָפּ,
פון דערווייטן ווינקט דער מלך,
און די קרוין גלאַנצט אויף זיין קאָפּ.

אויף זיין גוף, דעם קליינעם, הענגען
קייטן גאָלדענע און קרעל,
הייסט ער זיך דאָס מיידל ברענגען —
אויסגעפירט ווערט זיין באַפעל.

בעט ער זי צום טיש — און זיסל
קוקט נישט דרייסט, — דער מלך רעדט:
„קינד, פאַרזוך פון וויין אַ ביסל"
און ער גלעט איר קאָפּ און גלעט.

און זי טרינקט און עסט פאַמעלעך,
ווי עס פּאַסט ביים קעניגס טיש
ביז זי ווערט בגילופין פריילעך,
אויפגעהייטערט, מונטער פריש.

און זי טאַנצט מיט זיי צוזאַמען
און זי זינגט מיט זיי אויך מיט.
און אין וואַלד, אַ שפּריץ פון פלאַמען,
פייערוואַרגן שיט זיך, שיט.

פלוצלונג רופט זיך אָן דער מלך:
קינדער, שוין גענוג געשפּילט,
צייט אַהיימצוגיין, באַפעל איך,
תּיכּף ווערט זיין וואָרט דערפילט.

תּיכּף שטעלן זיך אין רייען
זעלנער, ווי מאַרשירן גרייט,
שורות טאָפּלטע אין צווייען,
און די פענער אויסגעשפּרייט.

אַלע וואַרטן אונטערטעניג
אויפן מלכס אַ באַפעל,
פלוצלונג רופט זיך אָפּ דער קעניג,
שמייכלענדיג צו זיסלען העל:

„זאָג, צי ווייסטו, קליינעם מיידל,
וואו דו ביזט אַצינדער כאַטש ?"
און ער בעט זי העפליך איידל
איינצושטייגן אין זיין קאַטש.

שטייגט זי אַיין און איר באַגלייטער
איז דער קעניג, וואָסער גליק!
ויי פאָרוים — אַ מַחֲנֶה רייטער,
און פון הינטן — אַ מוזיק.

פאָרן זיי דורך וואַלד און צווייגן,
דער פּאַראַד איז שיין און גרויס,
טויזנט קאַרליקעס אַקעגן
לויפן פונם דאָרף אַרויס.

צו אַ פּאַלאַץ צוגעקומען
וויינען זיי מיט מאַרמאָר־טרעפּ,
ס׳שיט אַ האָגל זיך מיט בלומען,
און עס גרוסן טויזנט קעפּ.

נעמט דער קעניג אָן דאָס מיידל
פירט זי דורך די וואַלן אום,
און דערקלערט איר העפליך איידל,
וואָס באַדייט דאָס אַלץ אַרום.

ס'שימערט און עס בלענדט פון דאָרטן,
גאָלד פון די געזימסן גלאַנצט,
און אַ וואונדערליכער גאָרטן
איז אין מיטן וואַל פאַרפלאַנצט.

און זי גייט און גאַפט מיט שטוינען,
און דער מלך וייזט איר אָן
צימערן, וואו זי וועט וואוינען
און מַלְבּוּשִים אָנצוטאָן.

מישט דער קאָפּ, די אויגן גלאַנצן,
און די ליפּן מורמלען שטיל, —
און זי ווערט באַרוישט אינגאַנצן
פון די קליידער אַזוי פיל.

מיט אַ זילבער קאָפּ די לאָקן,
האָט זיך זיסל קעמען האָלט,
אָנגעטאָן פון זייד זיך זאָקן
און פּאַנטאָפעלעך פון גאָלד.

צוויי באַדינערינס, צוויי מיידלעך,
שטייען גרייט צו איר באַפעל,
אָנגעטאָן אין רויטע קליידלעך
אויף די העלזער ווייסע קרעל.

לעבט זיך זיסל, ווי אַ פּריצע,
ווי אַ קעניגין אין שלאָס,
און, וואָס איר געפעלט, דאָס טוט זי,
און זי פרעגט נישט קיינעם וואָס.

קומט אַ דינער, בעט: „פּרינצעסין״, —
בוקט זיך נידעריק פאַר איר —
„ס׳וואַרט דער קעניג מיטן עסן
און זיין גרויסן זאַל אויף דיר״.

ווי אַ שמעטערלינג אַ גרינגער,
שוועבט זי אין די זאַלן הורך,
ווי אַ קאַנאַריק אַ יונגער,
פאָכעט זיך איר ווידן־שאָרך.

אויפן הויף: אַ רויש, אַ הייסער,
פון געשרייען אַ געמיש
און אינאיינעם מיטן קייסער
עסט זי מיטאָג ביי דעם טיש.

וואָסער שפּייזען און געריכטן,
יעדער ביסן טויזנט טַעַם!
און די וואונדערליכע פרוכטן,
פון גַן־עֵדֶן, מִן־הַסְתָּם!...

ווי פון בינשטאָק, דאָס זשומען,
רוישט אַרום דעם קעניגס שטול,
הונדערטער משרתים קומען
און דעם זאַל פאַרפלייצן פול.

הונדערטער טראָמפּייטן שאַלן,
אַז זי גייט פון טיש צוריק,
טויזנטער קאַרליקעס פאַלן
אויף דער קני פאַר אירם אַ בליק.

זיבן שענסטע מיידלעך פירן
זיסלען אינם גרעסטן זאַל,
ס'עפענען זיך ברייט די טירן:
היינט איז צוגעגרייט אַ באַל.

ס'שאַלט מוזיק, עס קלונגען טאַצן,
און דאָס רייכקייט בלענדט און בליצט,
ס'עשירות איז נישט אָפּצושאַצן
פון דער שטול, וואו זיסל זיצט.

ס'פרעסט איר פרייד און שמאַרץ צוזאַמען,
דאָך איז איר דאָ נישט באַקוועמט:
זי דערמאָנט זיך אָן דער מאַמען,
און דאָ איז אַזוי איר פרעמד.

און זי בעט זיך ביי דעם קעניג:
„איידעלער און גוטער הער,
כ'דאַנק פאַר אַלץ דיר אונטערטעניק,
דאָך איך בענק אַלץ מער און מער".

פרווט דער קעניג איר אײַנרעדן:
„דאָ איז גוט און דאָ איז וואויל",
נאָר אומזיסט, ער מוז זיך שיידן
יסל ווייגט שוין אויפן קול.

שפּאַנט מען ס'בעסטע פערד און וואָגן,
פאָרט מען דורכן וואַלד אַרוים,
ווען עס הויבט נור אָן צו טאָגן,
זעט זי שוין איר מאַמעס הויז.

שרייט די מאַמע: „ייסל! ייסל!"
...נור האָס איז? איז זי אין שלאָף?...
ס'ציט די מאַמע זי ביים פּיסל
און זי וועקט איר פונם שלאָף.

„—איז דאָס, מאַמעליו, אַ חלום? —
פרעגט איר ויסעלע — אַ שלאָף,
דאַן דערציילט זי נאָכאַמאָל אים
פונם אָנהויב ביזן סוף.

זאָגט די מאַמע: אמת, אמת,
עפּעס וואָרם איז דאָ, מיין קינד,
יעדער חלום האָט אַ רֶמֶז,
און דעם רֶמֶז הער אַצינד:

פון אַ פּאַלאַץ קאַרליק שטאַמען,
דאָס האָט בלויז זיך דיר געמישט,
נור דאָס בענקשאַפט נאָך אַ מאַמען,
דאָס איז שוין קיין שֶׁקֶר נישט..."